וויִטאַליִ בּיאַנקיִ

# דאָס מייזעלע פּיק

## אַ דערציילונג אין צוויי טיילן

ווייסרוסלענדיִשער מעלוכע-פֿאַרלאַג
מיִנסק — 1929

## ערשטער טייל.

### I. ווי אַזוי דאָס מײַזעלע איז געוואָרן אַ יאַם־רײַזנדער.

די קינדער האָבן געלאָזן שיפֿלעך אַפֿן טײַך. דער ברודער האָט זיי אויסגעשניצט מיט אַ מעסערל פֿון גראָבע שטיקלעך סאָסנאָווער קאָרע. דאָס שוועסטערל האָט פֿון פֿאַרשיידענע טיכלעך צורעכט געמאַכט די זעגלען.

צום סאַמע גרעסטן שיפֿל האָט מען געדאַרפֿט האָבן אַ לאַנגן מאַסטבוים.

— דאָס דאַרף מען אויסשנײַדן פֿון אַ גלײַכן צווײַגל,— האָט געזאָגט דער ברודער, גענומען דאָס מעסערל און אַוועק אין די קוסטעס.

פּלוצלונג האָט ער פֿון דאָרטן אויסגעשריען:

מײַז! מײַז!

דאָס שוועסטערל האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים.

— איך טו אַ האַק דאָס צווײַגל,—דערציילט דער ברודער — ערשט זיי גיבן זיך אַ לאָז! אַ גאַנצע קופּע! איינע איז אָט אַהער אַרײַנגעקראָכן, אונטערן וואָרצל. וואַרט, כ׳וועל עס אָט שוין...

ער האָט איבערגעהאַקט דעם וואָרצל מיטן מעסערל און אַרויסגעשלעפּט אַ קליין מײַזעלע.

— אַך, סאַראַ קליינס!—האָט זיך געוווּנדערט דאָס שוועסטערל—און סאַראַ געלס! צי דען טרעפֿן אויך אַזוינע?

— דאָס איז אַ ווילד מײַזל, — האָט דערקלערט דער ברו־דער — אַ פעלד־מײַזעלע. יעדער מין האָט זײַן אייגענעם נאָמען, נאָר כ׳האָב פֿאַרגעסן, ווי אָט דער מין ווערט אָנגערופֿן.

דאָ האָט דאָס מײַזעלע אויפֿגעעפֿנט אַ ראָזן מײַלכל און אַ פּיפּס געטאָן.

— פּיק, ער זאָגט, אַז מע רופֿט אים פּיק! — האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט דאָס שוועסטערל — קוק זיך אײַן, ווי עס ציטערט! אײַ! דאָס אויערל איז בײַ אים אין בלוט. דאָס האָסטו אים מיטן מעסערל פֿאַרווונדעט, בײַס דו האָסט אים אַרויסבאַקומען. ס׳טוט אים וויי...

— אַלצײַנס, וועל איך אים דערהאַרגענען — האָט בייז אַ זאָג געטאָן דער ברודער — איך מאַך זיי אַלעמען אַ טויט: פֿאַרוואָס גאַנווענען זיי בײַ אונדז עסנוואַרג?

— לאָז, אים אָפּ! — האָט זיך גענומען בעטן דאָס שוועסטערל — אַזאַ קליינס!

נאָר דאָס ייִנגל האָט ניט געוואָלט הערן.

— כ׳וועל אים אַרײַנוואַרפֿן אין טײַך, — האָט ער געזאָגט און איז אַוועק צום ברעג. דאָס מיידעלע האָט זיך מיטאַמאָל געכאַפּט, ווי אַזוי צו ראַטעווען דאָס מײַזעלע.

— וואַרט צו! — האָט זי אַ געשריי געטאָן צום ברודער — ווייסט וואָס? לאָמיר אים אַרײַנזעצן אין אונדזער גרעסטן שיף, און זאָל ער זײַן אַ פּאַסאַזשיר!

אַף דעם איז דער ברודער איינגעגאַנגען: סײַ ווי וועט דאָס מײַזל דערטרונקען ווערן אין טײַך. אָבער אַוועקלאָזן דאָס שיפֿל מיט אַ לעבעדיקן פּאַסאַזשיר איז אינטערעסאַנט. מע האָט צורעכט געמאַכט דעם זעגל, אַרײַנגעזעצט דאָס מײַזעלע אין דעם אויסגעקאָלופּעטן שיפֿל — און אַוועקגעלאָזן

מיטן שטראָם. דער ווינט האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס שיפל און אים אָפּגעטריבן פון ברעג.



דאָס מייזל האָט זיך איינגעטשעפּעט אין דער טרוקע־נער קאָרע און זיך ניט גערירט פון אָרט. די קינדער האָבן פון ברעג געמאַכט צו אים מיט די הענט.

דאָ האָט מען זיי אַרויף געטאָן אַהיים.

זיי האָבן נאָך געזען, ווי דאָס לייכטע שיפעלע האָט אָוועקגעיאָגט אַף אַלע זעגלען אַ הינטער דעם אויסבויג פון טייך.

— אָרעמער, קליינינקער פּיק! — האָט געזאָגט דאָס מיי־דעלע, ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט אַהיים. דער ווינט

וועט זיכער איבערקערן דאָס שיפל, און ער וועט דער־טרונקען ווערן.

דער יינגל האָט געשוויגן. ער האָט געטראַכט, ווי אַזוי ברענגט מען אום אַלע מייז בּאַ זיי אין אַלקער.

## II. אַ שיף־קאַטאַסטראָפע.

און דאָס מייזעלע איז אַוועקגעטראָגן געוואָרן אָפן לייכטן סאָסנאָוון שיפל. דער ווינט האָט געיאָגט דאָס שיפל אַלץ ווייטער פונם ברעג. אַרום האָבן געפּלעסקעט די הויכע כוואַליעס. דער טייך איז געווען אַ ברייטער—אַ גאַנצער יאַם פאַר דעם פיטשינקן פּיק.

פּיק איז סאַכאַקל אַלט געווען צוויי וואָכן. ער האָט נאָך ניט געקענט ניט אויסזוכן עסנוואַרג פאַר זיך, ניט אויסבאַהאַלטן זיך פון סאָנים. אין יענעם טאָג האָט די מאַמע-מויז צום ערשטן מאָל אַרויסגעפירט אירע מייזעלעך פון נעסט—אַף אַ שפּאַציר. זי האָט זיי פּונקט דעמלט געשפייזט מיט איר מילך, ווען דאָס יינגל האָט איבערגעשראָקן די גאַנצע מייזישע מישפּאָכע.

פּיק איז נאָך געווען אַ זויג-אויפעלע. די קינדער האָבן מיט אים אָפּגעשפּילט אַ בייזן שפּיצל. בעסער וואָלטן זיי אים מיטאַמאָל דערהאַרגעט, איידער לאָזן אַליין, אַ קלייגעם און אַן אומבאַשיצטן אין אַזאַ געפערלעכער נעסיע.

די גאַנצע וועלט איז געווען קעגן אים. דער ווינט האָט געבלאָזן, ווי ער וואָלט וועלן איבערקערן דאָס שיפל, די כוואַליעס האָבן עס געשליידערט, ווי זיי וואָלטן אים וועלן דערטרינקען אין זייער טונקעלער טיף. די כאַיעס, פייגל, שראָצים, פיש—אַלע זיינען געווען קעגן אים. קיינער וואָלט

זיך ניט אָפּגעזאָגט עפּעס געניסן פֿון דעם נאַרישן אומבאַ־שיצטן מײַזעלע.

די ערשטע, וואָס האָבן באַמערקט פּיקן, זײַנען געווען די גרויסע ווײַסע מעוועס. זיי זײַנען צוגעלאָפֿן און האָבן זיך גענומען דרייען איבערן שיפֿל, זיי האָבן געשריען פֿון פֿאַרדראָס, וואָס זיי קענען ניט גלײַך פֿאַרענדיקן מיט דעם מײַזל, ווײַל וואַרפֿן זיך אַף אים פֿון פֿלי אַראָפּ האָבן זיי מוירע געהאַט צו צעברעכן די שנאָבלען אָן דער האַרטער קאָרע. אַנדערע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן אין וואַסער און שווימענדיק גענומען אָניאָגן דאָס שיפֿל.

און פֿון גרונט פֿון טײַך האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ צייַ־נערדיקער העכט און זיך אויך געלאָזן שווימען נאָכן שיפֿל. ער האָט געוואַרט, ווען די מעוועס וועלן אַרײַנקוליען דאָס



מײַזל אין וואַסער. דעמלט וועט ער שוין ניט אויסמײַדן זײַנע שאַרפֿע ציינער.

פּיק האָט געהערט די רויב-געשרייען פֿון די מעוועס. ער האָט פֿאַרזשמורעט די אויגן און געהאָרט אַפֿן טויט.

נאָר דאָ איז אָנגעפֿלויגן פֿונהינטן אַ גרויסער רויב-פֿויגל—דער וואַסער-אָדלער. די מעוועס זײַנען זיך צעפֿלויגן איינציקווײַז.

דער וואַסער-אָדלער האָט דערזען דאָס מײַזל אַפֿן שיפֿל און אונטער אים—אַ העכט אין וואַסער, האָט ער צונויפֿגע-לייגט די פֿליגלען און אַ ריס געטאָן זיך אַף אונטן. ער איז אַראָפּגעפֿאַלן אין טײַך לעבן שיפֿל, מיט אַ ברעג פֿון פֿליגל האָט ער אָנגערירט דעם זעגל—און דאָס שיפֿעלע האָט זיך איבערגעקערט.

ווען דער וואַסער-אָדלער האָט זיך שווער אופֿגעהויבן פֿון וואַסער מיט דעם העכט אין די נעגל, איז אַפֿן איבער-געקערטן שיפֿעלע קיינער ניט געווען. די מעוועס האָבן עס דערזען פֿונווײַטן און זײַנען שוין אינגאַנצן אָוועקגעפֿלויגן. זיי האָבן געטראַכט, אַז דאָס מײַזעלע האָט זיך דערטרונקען.

פּיק האָט זיך ניט געלערנט שווימען, נאָר ווען ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין וואַסער, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מע דאַרף נאָר אַפּגיך מאַכן מיט די פֿיסלעך, קעדיי ניט דער-טרונקען צו ווערן. עס האָט אַרויסגעטויכט פֿון וואַסער און מיט די ציינער אָנגעכאַפּט זיך פֿאַרן שיפֿל.

עס האָט אים אַוועקגעטראָגן צוזאַמען מיטן איבערגע-קערטן שיף.

די כוואַליעס האָבן גאָר אינגיכן אַרויסגעוואָרפֿן דאָס שיפֿל אַף אַן אומבאַקאַנטן ברעג. פּיק איז אַרויסגעשפּרונגען אַפֿן זאַמד און האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו די קוסטעס. דאָס איז געווען אַן עמעסע שיף-קאַטאַסטראָפֿע, און דער קלייי-נער פּאַסאַזשיר מעג זיך האַלטן פֿאַר גליקלעך, וואָס ער איז ניצל געוואָרן.

## III. אַ שרעקלעכע נאַכט.

פּיק איז אויסגעווייקט געוואָרן ביזן לעצטן הערל. מע האָט זיך באַדאַרפֿט איינגאַנצן אַרומלעקן מיטן צינגעלע. דעמלט האָט זיך דאָס פֿעלכעלע גיך אויסגעטריקנט, און ער האָט זיך אָנגעוואַרעמט.

עס האָט זיך אים געוואָלט עסן, נאָר אַרויסגיין פֿון אונטערן קוסט האָט ער מוירע געהאַט.

אַפֿן טײַך האָבן זיך נאָך געטראָגן די שאַרפֿע געשרייען פֿון די מעוועס.

אַזוי איז ער אַ הונגעריקער אָפּגעזעסן אַ גאַנצן טאָג.

ענדלעך האָט געענומען ווערן פֿינצטער. די פֿייגל זײַנען אַנטשטומט געוואָרן. בלויז די קלינגענדיקע כוואַליעס האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אָן נאַענטן ברעג.

פּיק איז אַרויסגעקראָכן פֿאָרזיכטיק פֿון הינטערן קוסט.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט,—קיינער איז ניטאָ. דעמלט האָט ער זיך, ווי אַ טונקעלער קנײַלכעלע, אַוועקגעקײַקלט גיך אין גראָז אַרײַן.

דאָ האָט ער אָנגעהויבן זוכן פֿון אַלע בלעטער און שטענגלעך, וואָס האָבן זיך אים געוואָרפֿן אין די אויגן: נאָר אין זיי איז קײַן מילך ניט געווען.

פֿון פֿאַרדראָס האָט ער זיי געענומען פּליקן און רײַסן מיט די ציינער.

נאָר אומגעריכט האָט אים פֿון איין שטענגל אַ שפּריץ געטאָן אין מויל אַרײַן אַ וואַרעמער זאַפֿט. דער זאַפֿט איז געווען אַ זיסער, ווי די מוטער-מילך פֿון זײַן מוטער-מויז.

פּיק האָט אויפֿגעגעסן דעמדאָזיקן שטענגל און געענומען זוכן אַנדערע אַזוינע. ער איז געווען הונגעריק און האָט

אינגאַנצן ניט אַכטונג געגעבן אַף דעם, וואָס עס טוט זיך אַרום אים.



אַף די שפּיצן פֿון די הויכע גראָזן איז שוין אופֿגעגאַנגען די פֿולע לעוואָנע. גיכע שאָטנס האָבן זיך אָן גערויש אַדורכגעטראָגן אינדערלופֿטן: דאָס האָבן זיך געיאָגט די זשוואַווע פֿלעדערמײַז נאָך די נאַכט־פֿלעדערלעך.

שטילע שאָרכן און גערוישן האָבן זיך געהערט פֿון אַלע זײַטן אין גראָז. עמיצער האָט זיך געפּאָרעט אין גראָז, געשלײַכט אין די קוסטעס, באַהאַלטן זיך אַהינטער די בערגלעך.

פּיק האָט געגעסן.

ער האָט איבערגעביסן דאָס שטענגל באַם סאַמע באָדן. דאָס שטענגל איז אומגעפאַלן, און אַף דעם מײַזעלע האָט זיך געגאָסן אַ רעגן פון קאַלטן טוי.

דערפאַר האָט פּיק נעפונען באַם עק שטענגל אַ גע־שמאַקן זאַנג. דאָס מײַזעלע פלעגט זיך אָוועקזעצן אַנטמען די שטענגעלעך מיט די פאָדערשטע פיסלעך, ווי מיט הענט, און פלעגט עס אַף גיך פאַרצערן.

— פליוך-שליאָפּ!—האָט עפּעס אַ קלאַפּ געטאָן אָן דרערד ניט ווײַט פונם מײַזעלע. פּיק האָט אופגעהערט גריזשען און האָט זיך גענומען צוהערן.

אין גראָז האָט גערוישט.

— פליוך-שליאָפּ!—האָט זיך ווידער דערהערט פונפאָרנט, אַהינטער די בערגלעך—פליוך-שליאָפּ!



עמיצער איז געשפרונגען איבערן גראָז גלײַך אַף דעם מײַזעלע.

מע דאַרף גיכער צוריק אַרײַן אין די קוסטעס!

— פליוך-שליאָפּ!—האָט אַ שפרונג געטאָן פונהינטן.

— פליוך-שליאָפּ! פליוך-שליאָפּ!—האָט זיך גענומען הערן פון אַלע זײַטן.

פליוך—האָט זיך דערהערט גאָר נאָענט פונפאָרנט.

עמיצנס לאַנגע אויסגעצויגענע פיס האָבן אַ שוועב-געטאָן איבערן גראָז, און שליאָפּ! פאַר פּיקס סאַמע נאָז

האָט זיך אַ זעץ געטאָן אַף דרערד אַ קלײן פֿראָשל מיט אױסגעשטאַרטשעטע אױגן.

ער האָט זיך פֿאַרקוקט אַ דערשראָקענער אַף דעם מײַזל. פּיק האָט מיט באַװוּנדערונג און שרעק באַטראַכט די נאַקעטע, גליטשיקע הױט פֿון פֿראָש.

אַזױ זײַנען זײ געזעסן אײנער אַנטקעגן דעם אַנדערן, און ניט דער, ניט יענער האָבן געװוּסט װאָס זײ האָבן װײַטער צו טאָן.

און אַרום האָט זיך נאָך אַלץ װי פֿריִער געהערט— פּליוך-שליאָפּ! פּליוך-שליאָפּ! װי אַ גאַנצע סטאַדע איבערגעשראָקענע פֿרעש װאָלטן זיך געראַטעװעט פֿון חעמען ניט איז און װאָלטן געשפּרונגען איבערן גראָז. און אַלץ נעענטער און נעענטער האָט זיך דערטראָגן עפּעס אַ לײַכטער, שנעלער גערױש.

און אָט—דאָס מײַזעלע האָט פּלוצלונג דערזען: אַהינטער דעם פֿראָש האָט זיך אױפֿגעדרײט אַ לאַנגער בױגעװודיקער קערפּער פֿון אַ זילבערדיק-שװאַרצן שלאַנג. דער שלאַנג האָט זיך א גליטש געטאָן אַף אונטן, און די לאַנגע הינטערשטע פֿיס פֿונם פֿראָשל זײַנען אַרײַנגעצױגן געװאָרן צו אים אין אָפֿענעם שלונג.

װאָס עס איז װײַטער געװען האָט שױן פּיק ניט געזען. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן הענדום-פּענדום, און ער האָט גאָר אַלײן ניט באַמערקט װי אַזױ ער איז אַרױפֿגעקראָכן אַף אַ צװײַג פֿון אַ קוסט, הױך איבער דער ערד.

דאָ האָט ער פֿאַרבראַכט די נאַכט. דאָס בײַכעלע איז בײַ אים געװען שטײַף אָנגעפּאַקט מיט גראָז.

און אַרום האָבן זיך ביז באַגינען געהערט פֿאַרשײדענע גערױשן און שאָרכן.

## IV. אַן עק־אַ פֿאַרטשעפּערל און אַ פֿעלכעלע זעסט־מיך־ניט.

פּיקן האָט מער ניט געדראָס קײַן הונגער-טויט: ער האָט זיך שוין אויסגעלערנט ווי אַזוי צו באַקומען נאַרונג פֿאַר זיך. נאָר ווי זאָל ער איינער אַליין בײַשטיין קעגן אַלע פֿײַנט?

די מײַז לעבן אַלעמאָל אין גרויסע געזעלשאַפֿטן: אַזוי איז גרינגער צו פֿאַרטיידיקן זיך פֿון אַן אָנפֿאַל. עמיצער באַמערקט דעם סוינע, וואָס דערנעענטערט זיך, ער טוט אַ פֿײַף, און אַלע באַהאַלטן זיך.

אָבער פּיק איז געווען אַליין. ער דאַרף וואָס גיכער אויסגעפֿינען אַנדערע מײַז און צושטיין צו זיי. און פּיק האָט זיך אַוועקגעלאָזן זוכן.

ווו נאָר ער האָט געקענט, האָט ער זיך געמיט קריכן דורך די קוסטעס. אין אָט דעם אָרט אָבער זײַנען געווען אַסאַך שלאַנגען, און ער האָט מוירע געהאַט אַראָפּצולאָזן זיך צו זיי אויף דער ערד.

קלעטערן האָט ער זיך אויסגעלערנט אויסגעצייכנט. באַזונדערס האָט אים צוגעהאָלפֿן דער עק. ער האָט געהאַט אַ לאַנגן, בויגעוודיקן, קלאַמערדיקן עק. מיט אַזאַ פֿאַרטשעפּערל האָט ער געקאָנט קריכן איבער דינע צווײַגעלעך ניט ערגער פֿון אַ מאַלפּע.

פֿון צווײַג צו צווײַג, פֿון סוק צו סוק, פֿון איין קוסט צו דעם אַנדערן—אַזוי איז פּיק געקראָכן דרײַ נעכט נאָכאַנאַנד.

ענדלעך האָבן זיך געענדיקט די קוסטעס. ווײַטער האָט זיך געצויגן אַ לאָנקע. פּיק האָט אין די קוסטעס קײַן מײַז

ניט באַגעגנט, איז אים שוין אויסגעקומען לויפן ווײַטער דורכן גראָז.

די לאָנקע איז געווען אַ טרוקענע. שלאַנגען האָט מען ניט באַגעגנט. דאָס מײַזעלע האָט זיך געמאַכט האַרץ און גענומען וואַנדרעווען בײַטאָג. איצטער האָט ער געגעסן אַלץ, וואָס ס'האָט זיך נאָר געמאַכט: קערנער און וואָרצלען פֿון פֿאַרשיידענע געוויקסן, זשוקעס, פּאָפּקעס, ווערים. און גאָר אינגיכן האָט ער זיך אויסגעלערנט אַף אַ נײַעם אופֿן צו באַהאַלטן זיך פֿון זײַנע פֿײַנט.



דאָס האָט פּאַסירט אַזוי.

פּיק האָט אויסגעגראָבן פֿון דער ערד קוליקעס פֿון זשוקעס. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף די הינטערשטע פּיסלעך און גענומען צובײַסן.

די זון האָט העל געלויכטן. אין גראָז האָבן געקנאַקט די שפּרינגערס.

פּיק האָט געזען ווײַט איבער דער לאָנקע אַ קליינע לויער-גאַנדז, נאָר ער האָט זיך פאַר איר ניט געשראָקן. די לויער-גאַנדז — אַ פויגל גרויס ווי אַ טויב, נאָר דינער — איז געהאַנגען אָן באַוועגונג אין דער פוסטער לופט, ווי זי וואָלט געווען צוגעבונדן צו אַ שטריקל. בלויז אירע פליגלען האָבן קוים-קוים געציטערט, און דעם קאָפּ האָט זי באַוועגט פון איין זײַט צו דעם אנדערן. ער האָט ניט געוווּסט, וואָס פאַר אַ שאַרפע אויגן עס האָט די לויער-גאַנדז. פּיקס ברוסט איז געווען אַ ווײַסע. בייס ער איז געזעסן האָט מען זי געקענט ווײַט אַרויסזען באַ דער ברוינער ערד.

פּיק האָט באַנומען די געפאַר ערשט דעמלט, ווען די לויער-גאַנדז האָט זיך מיטאַמאָל אַ ריס געטאָן פון אָרט און אַ לאָז געטאָן זיך צו אים, ווי אַ פײַל.

אַנטלויפן איז שוין געווען צו שפּעט. עס זײַנען באַ אים פון שרעק אָפּגענומען געוואָרן די פיס. ער האָט זיך צוגעדריקט מיט דער ברוסט צו דער ערד און איז פאַרשטאַרט געוואָרן. די לויער-גאַנדז איז צוגעפלויגן ביז צו אים און מיטאַמאָל איז זי ווידער געבליבן הענגען אינדערלופטן, צאַפּלענדיק קוים באַמערקט מיט די שאַרפע פליגלען.

זי האָט בעשום אויפן ניט געקאָנט באַנעמען, וווּהין איז נעלעם געוואָרן דאָס מײַזל.

אָט אַקאָרשט האָט זי געזען זײַן העל-ווײַסע ברוסט און מיטאַמאָל איז עס פאַרפאַלן געוואָרן. זי האָט גענומען שאַרף צוקוקן זיך צום אָרט, ווו ער איז געזעסן. זי האָט אָבער געזען בלויז ברוינע שטיקלעך ערד.

און פּיק איז דאָ געלעגן פאַר אירע אויגן.

אָפן רוקן איז דאָס פעלכל זײַנס געווען געל-ברוין —

פונקט ווי דער קאַליר פֿון דער ערד. און פֿונויבן האָט מען אים בעשום אופֿן ניט געקענט דערזען.



דאָ איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון גראָז אַ גרינער שפּרינגער. די לויער-גאַנדז האָט זיך אַ וואָרף געטאָן, אָנגעכאַפּט פֿליענדיק דעם שפּרינגער און זיך אַוועקגעיאָגט ווייטער.



דאָס פֿעלכל - זעסט - מיך - ניט האָט פּיקן געראַטעוועט דאָס לעבן.

פֿון דעמלט אָן, ווי נאָר ער פֿלעגט באַמערקן פֿון ווייטן אַ סוינע, פֿלעגט ער זיך גלייך צודריקן צו דער ערד און ליגן אָן באַוועגונג. און דאָס פֿעלכל-איינעניקע פֿלעגט זיך טאָן זיינס:

אָפּנאַרן די סאַמע שאַרפֿסטע אויגן.

## V. דער סאָלאָוויי־דער גאַזלען.

אַזוי איז פּיק טאָג נאָך טאָג געלאָפן איבער דער לאָנ-קע און ניט געפונען קיינע שפּורן פון מייז.

ענדלעך האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן קוסטעס. און אַהינטער זיי האָט פּיק דערהערט דאָס באַקאַנטע פּליעסקען פון די טייך-כוואַליעס.



עס איז אויסגעקומען אומצוקערן זיך און ווידער זיך נעמען אין אַן אַנדער זייט.

ער איז געלאָפן אַ גאַנצע נאַכט און צו-מאָרגנס האָט ער זיך פאַרקליבן אונטער אַ גרויסן קוסט און געלייגט זיך שלאָפן.

ס'האָט אים אויפגעוועקט פון שלאָף אַ הילכיק ליד.

פּיק האָט אַרויסגעקוקט פון אונטערן וואָרצל און דער-זען באַ זיך איבערן קאָפּ אַ שיין פייגעלע מיט אַ ראָזעווען בייכל, אַ גרוי קעפּל און אַ רויט-ברוינלעכע פּלייצקע.

באַ פּיקן האָט זייער אויסגענומען דאָס פרייליכע ליד. עס האָט זיך אים פאַרגלוסט אַ האָרך טאָן דעם זינגער אַביסל נעענטער.

ער האָט גענומען קריכן צו איִם איבערן קוסט.

דער זינג-פויגל האָט פּיקן קיינמאָל ניט אָנגערירט, האָט ער פאַר זיי קיין מוירע ניט געהאַט, און אָט דער זינגער איז אויך מיטן ווּקס געווען נאָר אַביסל גרעסער פון אַ שפּערל. דאָס נאַרישע מייזעלע האָט ניט געוווּסט, אַז דאָס איז געווען דער ווערגער און כאָטש ער איז אַ זינג-פויגל, פאַרנעמט ער זיך מיט האַריגעס. פּיק האָט נאָך ניט באַוויזן קומען צו זיך, ווי דער ווערגער האָט זיך שוין אַף איִם אַרופגעוואָרפן און אַ שטאַרקן זעץ געטאָן מיטן קרומען שנאָבל אין רוקן.

פונם שטאַרקן קלאַפּ איז פּיק מיטן קאָפּ אַראָפּ אַראָפּ-געפלויגן פון צווייַג. ער איז געפאַלן אַפן ווייכן גראָז און האָט זיך ניט צעקלאַפּט. דער ווערגער האָט נאָך ניט באַ-וויזן ווידער אָנצופאַלן אַף איִם, ווי דאָס מייזל האָט זיך שוין אַרייַנגעכאַפּט אונטער די וואָרצלען.

דעמאָלט האָט זיך דער כיטרער סאָלאָוויי-גאַזלען אַוועק-געזעצט אַף אַ קוסט און גענומען וואַרטן, ביז ס'וועט ניט אַרויסקוקן פּיק פון אונטער די וואָרצלען.

ער האָט בעזונגען זייער שיינע לידער, נאָר זיי זייַנען דעם מייַזעלע ניט געקראָכן אין קאָפּ אַרייַן. פון יענעם אָרט, ווו ס'איז איצט געזעסן פּיק, האָט זיך גוט געזען דער קוסט, אַף וועלכן ס'האָט זיך געפונען דער ווערגער.

די צווייַגן פון דעמדאָזיקן קוסט זייַנען געווען באַזעצט מיט לאַנגע שאַרפע שטעכלקעס. אַף די שטעכלקעס זייַנען, ווי פּיקעס געהאַנגען טויטע האַלב-אופגעגעסענע פייגעלעך, עקדישן, פרעש, זשוקעס און שפּרינגערס. דאָס איז געווען דער לופט-שפּייַכלער פונם גאַזלען. דאָס מייַזעלע וואָלט שוין אויך געזעסן אַף אַ שטעכלקע, ווען עס גייט נאָר אַרויס פון אונטער די וואָרצלען. דער ווערגער האָט אַ

גאַנצן טאָג אָפּגעהיט פּיקן, נאָר ווען ס'איז פאַרגאַנגען די זון, האָט זיך דער גאַזלען פאַרקליבן אין וועלדל שלאָפן.



דעמלט איז דאָס מײַזעלע אַרויסגעקראָכן שטילערהייט פון אונטערן קוסט און איז אַנטלאָפן. קען זײַן, אַז אין אײַלעניש האָט ער פאַרלאָרן דעם וועג, נאָר אָפּן קומענדיקן באַגינען האָט ער שוין ווידער דערהערט אַ הינטער די קוסטעס דאָס פּליעסקען פון טײַך.

און ער האָט זיך ווידער געדאַרפט אומקערן און לויפן אין אַן אַנדער זײַט.

## VI. דער סאָף פון דער נעסיע.

פּיק איז איצטער געלאָפן איבער אַן אויסגעטריקנטער בלאָטע.

דאָ איז געוואָקסן בלויז אַ טרוקענער מאָך. לויפן איבער אים איז געווען גרײַלעך שווער, און דערהויפט—איז ניט

געוועז מיט וואָס אונטערצוקרעפּטיקן דאָס האַרץ. ס'האָבן זיך ניט געזען ניט קיין ווערים, ניט קיין רויפּן, ניט קיין געשמאַקע גראָז.

אויפן צווייטן טאָג האָט זיך דאָס מייזעלע אינגאַנצן אַרויסגעשלאָגן פון די קויכעס. עס האָט זיך מיט מאַטערניש דערשלעפּט ערגעץ צו אַ בערגעלע—און איז אַנידערגעפאַלן.

עס האָט זיך געקלעפּט די אויגן. אין האַלדז איז געווען טרוקן. קעדיי אַביסל אָפּצופרישן זיך, האָט ער, ליגנדיק אָפּגעלעקט פון מאָך די טראָפּנדלעך קאַלטן טוי, ס'האָט אָנגעהויבן טאָגן.

פונם בערגעלע אַראָפּ האָט פּיק געזען אַ פּליין באַדעקט מיט מאָך. הינטער אים האָט זיךווידער אָנגעהויבן אַ לאָנקע. די זאַפטיקע גראָזן זיינען דאָרטן געשטאַנען, ווי אַ הויכע וואַנט. נאָר באַם מייזעלע האָבן ניט געקלעקט קיין קויכעס אויפצוהויבן זיך און דערלויפן ביז אַהיים.

עס האָט אַרויסגעקוקט די זון.

פון איר הייסער ליכט האָבן גיך גענומען אויסטריקענען די טראָפּנדלעך טוי. פּיק האָט געפילט, אַז עס קומט שוין אָן זיין סאָף. ער האָט צונויפגעקליבן די לעצטע קויכעס און אָנגעהויבן קריכן, נאָר דאָ איז ער אַנידערגעפאַלן און אַראָפּגעקייקלט זיך איבערן שיפּוי פון בערגל.

ער איז געלעגן אויפן רוקן, מיט די פיסלעך אַרויף, און געזען איצטער פאַר זיך נאָר דאָס בערגעלע, וואָס איז געווען פאַרוואָקסן מיט מאָך.

אַנטקעגן אים האָט זיך אין בערגל געזען אַ טיף שוואַרץ גריבל, אַזאַ שמאָלס, אַז פּיק וואָלט ניט געקאָנט אַריינשטעקן אין אים אָפילע דאָס קעפּל.

דאָס מײַזעלע האָט באַמערקט, אַז טיף אינעווייניק באַוועגט זיך עפּעס.

באַלד האָט זיך באַם אַרײַנגאַנג באַוויזן אַ האָריקע, דיקע ערד־בין. זי איז אַרויסגעקראָכן פון לעכל, אַ קראַנק געטאָן מיטן פיסל דאָס בײַכל, פאַרריכט די פליגלען און אויפגעהויבן זיך אינדערלופטן.

די ערד־בין האָט געמאַכט אַ קרײַז איבערן בערגל, אומגעקערט זיך צום נעסט און אַראָפּגעלאָזן זיך באַם סאַמע אַרײַנגאַנג. דאָ האָט זיך די בין אויפגעהויבן אַף די פיסלעך און אַזוי אַן אַרבעט געטאָן מיט אירע האַרטע פליגלען, אַז אַ ווינט האָט אַן עטעם געטאָן אַף דעם מײַזעלע.

— זשוזשו, זשזשוזשוזשו!—האָבן געהודיעט די פליגעלעך—זשוזשוזשוזשו!... דאָס איז געווען די טרומייטער־בין: זי האָט אין טיפן נעסט געטריבן פרישע לופט, אויסגעלופטערט די וואָינונג, און געוועקט די איבעריקע בינען, וואָס זײַנען נאָך געשלאָפן אין נעסט.

באַלד זײַנען איינע נאָך די אַנדערע אַרויסגעקראָכן פון נעסט אַלע ערד־בינען און זײַנען אַוועקגעפלויגן צו דער לאָנקע—קלײַבן האָניק. די טרומייטער־בין איז אַוועקגעפלויגן די לעצטע.

פּיק איז איבערגעבליבן אַליין. ער האָט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט צו טאָן, קעדיי צו דאַטעווען זיך. ער האָט גענומען קריכן, אַלע ווײַלע אָפּגעשטעלט זיך איבערצוכאַפּן דעם אָטעם, און ווי עס איז דערגאַנגען צום נעסט פון די ערד־בינען. עס האָט אים פון דאָרטן אַ שלאָג געטאָן אין נאָז אַרײַן אַ זיסער רייעך.

פּיק האָט אַ קאַלופּע געטאָן מיטן נאָז די ערד. די ערד האָט זיך געלאָזן גראָבן. ער האָט געקאַלופּעט נאָך און נאָך—ביז ער האָט ניט אויסגעגראָבן אַ גריבל. אָפן דעק

פֿון גריבל האָט ער דערזען היפּשע אייעלעך פֿון גרויען וואַקס. אין איינציקע זײַנען געלעגן רויפּן, אַנדערע זײַנען געווען פֿול מיט שמעקעדיקן געלן האָניק.

דאָס מײַזעלע האָט גענומען זשעדנע לעקן די זיסע שפּײַז: אויסגעלעקט גאָר די האָניק, האָט ער זיך גענומען צו די רויפּן און האָט עס אויך אַפּגיך צורעכט געמאַכט.



די קויכעס האָבן זיך גיך גענומען צו אים אומקערן. אַזאַ זאַטן מאַיכל האָט ער נאָך קיינמאָל ניט געגעסן, זינט ער האָט זיך געשיידט מיט דער מאַמען זײַנער. ער האָט אַלץ מער און מער צעגראָבן די ערד־איצטער שוין אָן מאַטערניש—און געפֿונען אַלץ נײַע אייעלעך מיט האָניק און רויפּן.

פֿלוצלונג האָט אים עפּעס שטאַרק אַ שטאָך געטאָן אין באַק. פּיק איז אָפּגעשפּרונגען. פֿון אונטער דער ערד איז צו אים געקראָכן די גרויסע בין־מוטער.

פּיק האָט געוואָלט אַ וואָרף טאָן זיך אַף איר, נאָר דאָ האָבן איבער אים גענומען זשושען און הודיען פֿאַרשיידענע פֿליגלען: די ערד־בינען האָבן זיך צוריקגעקערט פֿון דער לאָנקע.

זייער גאַנצע אַרמיי האָט זיך אַ לאָז געטאָן אַף דעם מײַזעלע, און אים איז גאָרניִשט איבערגעבליבן, ווי בלויז כאַפּן די פֿיס און די הענט און אָפּציִען. פּיק איז געלאָפֿן מיט אַלע קויכעס. דאָס דיקע פֿעלכעלע האָט אים באַשיצט

פֿון דעם שרעקלעכן בינען-גיפֿט, נאָר די ערד-בינען האָבן אַלץ אויסגעקליבן אַזוינע ערטער, ווו די האָר זײַנען קיר-צער, און האָבן אים געשטאָכן אין די אויערן, אין די פֿיס, אין פּאַטילגיצע.

מיט איין אָטעם—פֿונוואַנען האָט זיך עס גענומען צו אים אַזאַ פֿלינקייט?—איז ער דערלאָפֿן ביז דער לאָנקע און האָט זיך באַהאַלטן אין געדיכטן גראָז.

דאָ זײַנען די ערד-בינען פֿון אים אָפּגעטראָטן און האָבן זיך אומגעקערט צו זייער צעראַבירטן נעסט.

אין יענעם טאָג האָט פּיק אַדורכגעשניטן די רויע בלאָ-טיקע לאָנקע, און ער איז ווידער געקומען צו אַ ברעג טײַך.

פּיק האָט זיך געפֿונען אַף אַן אינדזל.

## VII. פּיק בויט אַ הויז.

דער אינדזל, אַף וועלכן פּיק האָט זיך געפֿונען, איז געווען ניט קיין באַוואָינטער: קיין מײַז זײַנען אַף אים ניט געווען. דאָ האָבן געלעבט בלויז פֿייגל, בלויז שלאַנגען און פֿרעש, וואָס פֿאַר זיי איז געווען אַ קלייניקייט אַריבערכאַפּן זיך אַהער איבערן ברייטן טײַך.

פּיקן איז אויסגעקומען צו לעבן אַליין, אַרומגערינגלט פֿון סאָנים.

דער באַוווסטער ראָבינזאָן, ווען ער האָט זיך געראַטע-וועט אַף דעם ניטבאַוואָינטן אינדזל, האָט גענומען טראַכטן, ווי זאָל ער לעבן אַליין. ער האָט באַטראַכט, אַז קוידעמקאָל דאַרף מען אויסבויען פֿאַר זיך אַ הויז, וואָס זאָל אים פֿאַר-טיידיקן פֿון אַ שלעכטן וועטער און פֿון סאָנים. דערנאָך האָט ער גענומען קלײַבן פֿאַרגרייטונגען אַף אַ שלעכטער צײַט.

פּיִק איִז געווען אַ מײַזעלע; עס האָט ניִט געקאָנט טראַכטן. און דאָך האָט עס זיִך אופֿגעפֿיִרט פּונקט אַזוי, ווי ראָבינזאָן.

קוידעמקאָל האָט עס גענומען בויען אַ הויז.

קיינער האָט איִם ניִט געלערנט ווי אַזוי צו בויען: דאָס איִז געלעגן באַ איִם איִן בלוט. ער האָט געבויט אַזוי, ווי אַלע מײַז, וואָס זײַנען פֿון איין מיִן מיִט איִם.



אַף דער בלאָטיקער לאָנקע איִז געוואַקסן הויכער ראָר געמיִשט מיִט זומפּן-גראָז — אַ טײַערער וואַלד פֿאַר מײַזיִשע ביִניאָניִם.

פּיִק האָט זיִך צוגעקליִבן עטלעכע ראָר-שטענגלעך, וואָס זײַנען געוואַקסן איינע לעבן די אַנדערע, אַרופֿגעקראָכן אַף

זיי און אָפּגעריסן די שפּיצן, און די עקן זייערע האָט ער מיט די ציינער צעביסן אַף פֿעדים. ער איז געווען אַזוי גרינג און קליין, אַז דאָס גראָז האָט אים גאַנץ לײַכט אײַנגעהאַלטן.

דערנאָך האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו די בלעטער. ער איז אַרופֿגעקראָכן אַף אַ זומפּ-געוויקס און אָפּגעביסן אַ בלאַט באַם סאַמע שטענגל. דער בלאַט איז אַראָפּגעפֿאַלן, דאָס מײַזעלע איז אַראָפּ, אופֿגעהויבן מיט די פֿאָדערשטע פֿיסלעך דעם בלאַט און דורכגעצויגן אים צווישן די פֿאַרדריקטע ציינדלעך.

די דורכגעטרעפּעטע שטרײַפֿעלעך פֿון די בלעטער האָט דאָס מײַזעלע געשלעפּט אַף אַרויף און פֿלינק אַרײַנגעפֿלאָכטן זיי אין די עק-פֿעדים פֿון ראָר. עס איז אַרופֿגעקראָכן אַף אַזוינע דינע גרעזעלעך, אַז זיי האָבן זיך אַוש געבויגן אונטער אים, און עס האָט צונויפֿגעבונדן זייערע שפּיצן איינע מיט די אַנדערע.

סאָפּקאָלסאָף האָט זיך באַ אים באַקומען אַ לײַכט גרינג הײַזל, ווייער ענלעך צו אַ פֿייגל-נעסט. דאָס גאַנצע הײַזל איז געווען ניט גרעסער פֿון אַ קינדערשן פֿויסט.

פֿון זײַט האָט דאָס מײַזעלע געמאַכט אן אַרײַנגאַנג, אינעווייניק אויסגעלייגט מיט מאָך, בלעטער און דינע וואָרצעלעך. פֿאַר א געלעגערל האָט עס צונויפֿגעשלעפּט ווייכן, ווארעמען בלומען-פּוך. דאָס שלאָפֿצימערל האָט זיך באַקומען—אן אנטיקל.

איצטער האָט שוין פּיק געהאט ווו אָפּצורוען און ווו צו באהאלטן זיך פֿון שלעכטן וועטער און פֿון פֿײַנט. דאָס שארפֿסטע אויג וועט פֿונדערווײַטנס ניט קענען באַמערקן דאָס נעסטל פֿון גראָז, וואָס איז פֿון אלע זײַטן

פֿאַרדעקט מיט הויכן ראָר און געדיכטע זומפּגעוויקסן. קיין שלאַנג וועט ניט קענען צוקומען צו אים,—אַזוי הויך הענגט עס איבער דער ערד.



אפילו דער עמעסער ראָבינזאָן וואָלט שוין בעסער ניט געקענט צוטראַכטן.

## VIII. ניט קיין געבעטענער גאַסט.

עס זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען טעג נאָך טעג.

דאָס מייזעלע האָט זיך רויִק געלעבט אין זײַן לופֿט-שטיבעלע, געוואָרן שוין אַ דערוואַקסענער, נאָר פֿון גאָר קליינעם ווּקס. מער וואַקסן האָט עס שוין ניט געדאַרפֿט, ווײַל פּיק האָט געהערט צו דעם מין מײַז-פּיצעלעך. די דאָזיקע מײַז זײַנען נאָך קלענער אין ווּקס פֿון אונדזערע קליינע גרויע שטוב-מײַז.

פּיק פֿלעגט איצטער אָפֿט פֿאַרפֿאַלן ווערן פֿון שטוב. אין די הייסע טעג פֿלעגט ער זיך באָדן אין קילן בלאָטע-וואַסער ניט ווײַט פֿון דער לאָנקע.

אַמאָל איז ער פֿאַרנאַכטלעך אַוועק פֿון שטוב. ער האָט געפֿונען אַף דער לאָנקע צוויי נעסטן פֿון ערד-בינען און האָט זיך אַזויפֿיל אָנגעגעסן מיט האָניק, אַז ער האָט זיך שוין דאָ אַף אָרט פֿאַרקליבן אין גראָז און אײַנגעשלאָפֿן.

באַגינען ערשט האָט זיך פּיק אומגעקערט אַהיים, און נאָך אונטן זײַענדיק, האָט שוין פּיק באַמערקט, אַז ס'איז עפּעס ניט גלאַט. איבער דער ערד און איבער איינעם פֿון די שטענגלעך האָט זיך געצויגן אַ ברייטער פּאַס פֿון שליים, און פֿון נעסט האָט אַרויסגעשטעקט אַ גראָבער קורצער עק. דאָס מײַזעלע האָט זיך איבערגעשראָקן ניט אַף אַ געלעכטער.

דער גלאַטער, פֿעטער עק איז געווען ענלעך אַף אַ שלאַנגען-עק. נאָר באַ אַ שלאַנג איז דער עק אַ האַרטער און באַדעקט מיט שופּן און דאָס איז געווען אַ הוילער. אַ ווייכער, אינגאַנצן עפּעס אין קלעפּיקן שליים.

פּיק האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און איז אַרופֿגע-קראָכן אַפֿן שטענגל, קעדיי אַ קוק צו טאָן נענטער אַף דעם ניט געבעטענעם גאַסט.

דערװײַל האָט זיך דער עק פּאַמעלעך אַ ריר געטאָן, און דאָס איבערגעשראָקענע מײַזעלע האָט זיך, װי אַ קנײַלכל, אַראָפּגעקײַקלט אַף דרערד. עס האָט זיך באַהאַלטן אין גראָז, און פֿון דאָרטן האָט עס געזען, װי די װילדע בריע איז פֿילערהײט אַרויסגעקראָכן פֿון זײַן שטוב.

צוערשט איז אין דער עפֿענונג פֿון געסט פֿאַרשװוּנדן דער גראָבער עק. דערנאָך האָבן זיך פֿון דאָרטן באַװיזן צװײ לאַנגע װײכע הערנער מיט בלעזעלעך אַף די עקן, דערנאָך האָבן זיך באַװיזן נאָך צװײ אַזעלכע הערנער—נאָר קורצע, און נאָך זײ האָט זיך ערשט אַרויסגערוקט דער העסלעכער קאָפּ פֿון דער װילדער בריע.

דאָס מײַזעלע האָט געזען, װי ס'איז אַרויסגעקראָכן פֿון זײַן שטוב פּאַמעלעך-פּאַמעלעך פּונקט, װי עס װאָלט זיך אַרויסגעגאָסן אַ הױלער, װײכער, גליטשיקער קערפּער פֿון אַ מוירעדיקן שליים-װאָרים. דער שליים-װאָרים האָט פֿון קאָפּ ביזן עק געהאַלטן אינדערלענג גוטע דרײַ װערשקעס.

ער האָט גענומען אַראָפּלאָזן זיך אַף דער ערד. זײַן װײכער בויך האָט זיך שטײַף צוגעקלעפּט צום שטענגל, און אַפֿן שטענגל איז איבערגעבליבן אַ ברײטער פּאַס פֿון דיקן שליים.

פּיק האָט זיך ניט אַװעקגעשטעלט װאַרטן. ביז דער שליים-װאָרים װעט אַראָפּקריכן אַף דר'ערד, ער איז אַנטלאָפֿן.

דער װײכער שליים-װאָרים האָט אים גאָרניש ניט געקענט טאָן, נאָר ס'האָט אים געעקלט פֿון דער פֿוילער קלעפּיקער באַשעפֿעניש.

אין עטלעכע שאָ ארום איז ערשט פּיק צוריקגעקומען, דער שליים-װאָרים האָט ערגעצװו אַװעקגעפּויזעט.

דאָס מײַזעלע איז אַרײַנגעקראָכן אין נעסט. אַלץ איז דאָרט געװען אויסגעשמירט מיט דעם עקלדיקן שליים. פּיק

האָט אַרויסגעוואָרפֿן גאָר דעם פּוך און אונטערגעבעט נײַעס.
ערשט נאָכדעם האָט ער באַשלאָסן צו לייגן זיך שלאָפֿן.



פֿון דעמלט אָן, אַוועקגייענדיק פֿון שטוב, פֿלעגט ער שטענדיק פֿאַרשטאָפֿן די טיר מיט אַ בינטעלע טרוקענעם גראָז.

## IX. אַ שפּײַכלער.

די טעג זײַנען געוואָרן קירצער, די נעכט—קעלטער.

די קערנער פֿון די פֿעלד-גראָזן זײַנען צײַטיק געוואָרן. דער ווינט האָט זיי פֿאַרשפּרייט איבער דער ערד, און פֿייגל זײַנען געקומען צופֿליען טשטשאַטעסוויַז קלײַבן די קערנער פֿון דעם מײַזעלעס לאָנקע.

פּיק האָט דאָ געהאט א זאַטן לעבן. ער איז פֿון יעדן טאָג דיקער געוואָרן. דאָס פֿעלכעלע אף אים האָט זיך געגלאַנצט פֿון פֿעטקייַט.

איצטער האָט דער קלייניקער פּירפּיסיקער ראָבינזאָן אויסגעבויט פֿאר זיך א שפּײַכלער און האָט דאָרטן געקליבן פֿאַרגרייטונגען אף די שלעכטע צײַטן.



ער האָט אויסגעגראָבן אין דער ערד אַ נארעלע און באַם עק האָט ער עס געמאַכט ברייטער. דאָ אהער האָט ער אָנגעטראָגן קערנער, ווי אין א קעלער.

דערנאָך האָט זיך עס אים אויסגעוויזן פֿאַר ווײניק, האָט ער אויסגעגראָבן דערבײַ אַ צווייטן קעלער און האָט זיי פֿאַרייניקט מיט אַן אונטערערדישן גאַנג.

אַלץ אָפּטער זײַנען געגאַנגען רעגנס. די ערד איז פֿון אויבן ווייך געוואָרן, די גרעסערע געל, דורכגעווייקט און אָפּגעלאָזן. פּיקס גראָזן-שטיבל האָט זיך אראָפּגערוקט און איז געהאַנגען איצטער נידעריק איבער דער ערד. ס'האָט זיך אין אים באַוויזן שימל.

וואָינען אין נעסט איז געוואָרן אומבאַקוועם. אינגיכן האָט זיך דאָס גראָז איבגאַנצן אויסגעלייגט אויף דר ערד און דער נעסט איז שטאַרק קאָנטיק געהאַנגען אויפֿן ראָר, ווי אַ טונקעלער קײַלעכל. דאָס איז שוין געווען געפֿערלעך.

פּיק האָט באַשלאָסן לעבן אונטער דער ערד. ער האָט שוין מער קיין מוירע ניט געהאַט, אַז צו אים אין נאָרעלע זאָל אַרײַנקריכן אַ שלאַנג אָדער עס זאָלן אים באַאומרויִקן די שפּרינגענדיקע פֿרעש: די שלענג און די פֿרעש זײַנען שוין ערגעצוווּ לאַנג פֿאַרשוווּנדן.

דאָס מײַזעלע האָט זיך אויסגעקליבן פֿאַר אַ נאָרעלע אַ טרוקענעם שטילן אָרט הינטער אַ בערגעלע. פּיק האָט אײַנגעאָרדנט דעם אַרײַנגאַנג פֿון יענער זײַט, וווּ עס בלאָזט ניט דער ווינט, קעדיי די קאַלטע לופֿט זאָל ניט אַרײַנבלאָזן צו אים אין וואָינונג.

פֿון דעם אַרײַנגאַנג האָט זיך געצייגן אַ לאַנגער, גלײַכער קאָרידאָר, באַם עק איז ער געוואָרן ברייטער און אַרײַן אין אַ קליינעם רונדן צימערל. דאָ אַהער האָט פּיק אָנגעשלעפּט טרוקענעם מאָך און גראָז—ער האָט דאָ אײַנגעאָרדנט פֿאַר זיך אַ שלאָף-צימערל.

אין זײַן נײַעם אונטערערדישן שלאָף-צימערל איז געווען וואַרעם און געמיטלעך. ער האָט פֿון אים דורכגע-

גראָבן געגנ אונטער דער ערד צו זײַנע צוויי קעלערן, קע־
דיי ער זאָל קענען לויפן צו זיי, ניט אַרויסגייענדיק אַף
דרויסן.

ביים אַלץ איז שוין געוואָרן פאַרטיק, האָט דאָס מײַזע־
לע שטײַף פאַרשטאָפּט מיט גראָז דעם אַרײַנגאַנג אין זײַן
לופטיקער זומער־וואָינונג און האָט זיך איבערגעקליבן לעבן
אונטער דער ערד.

## X. שניי און שלאָף.

די פייגל זײַנען מער ניט געקומען פּיקן קערנער אַף
דער לאָנקע. די גרעזער זײַנען געלעגן שטײַף צו דער
ערד, און אַ קאַלטער ווינט האָט פרײַ געהוליעט איבערן
אינדזל.

צו דער צײַט איז שוין פּיק שרעקלעך דיק געוואָרן.
עפּעס אַ פוילקײַט איז אים באַפאַלן. ער האָט זיך געפוילט
אַ ריר טאָן זיך פון אָרט. אַלץ זעלטענער און זעלטענער
איז ער אַרויס פון דער נאָרעלע.

אַמאָל אינדערפרי האָט ער באַמערקט, אַז דער אַרײַנגאַנג
אין זײַן וואָינונג איז פאַרשאָטן געוואָרן. ער האָט אופגע־
גראָבן דעם קאַלטן ווייסן שניי און איז אַרויס אַף דער
לאָנקע.

די גאַנצע ערד איז געווען ווייס. דער שניי האָט ווילד
געבליצט אונטער דער זון. באַ פּיקן האָט געברענט אונ־
טער די הוילע פּיסלעך.

דערנאָך האָבן זיך אָנגעהויבן פרעסט.

דאָס מײַזעלע וואָלט גאָר שלעכט אָפּגעשניטן, ווען עס
באַזאָרגט זיך ניט מיט שפּײַז. ווי וואָלט עס אויסגעגראָבן
קערנער פון אונטער דעם טיפן צוגעפראָרענעם שניי?

אַ שלעפעריקע פוילקייט איז אַלץ מער באַפאַלן פיקן. איצטער פלעגט ער צוויי, דריי טעג נאָכאַנאַנד ניט אַרויס־גיין פון שלאָפצימער און אַלץ ליגן און שלאָפן. אופגע־כאַפט זיך אַוועק אין קעלער, אָנגעגעסן זיך—און ווידער אַנטשלאָפן געוואָרן אַף עטלעכע טעג.

אַף דרויסן האָט ער לאכלוטן אופגעהערט אַרויסצוגיין.

אונטער דער ערד איז אים געווען וואָיל. ער איז גע־לעגן אַפן ווייכן געלעגערל, צונויפגעדרייט אין אַ וואַרעמען האָריקן קנייללכל. דאָס הערצעלע זיינס האָט געקלאַפט אַלץ זעלטענער, אַלץ שטילער. דער אָטעם איז געוואָרן שוואַך־שוואַך. אַ גרויסער, לאַנ־גער שלאָף האָט אים איינגענצן באַנומען.



די פיצעלעך מייז שלאָפן ניט אַ גאַנץ ווינטער, ווי די מורמלען און האַמסטערס. פון לאַנגן שלאָף ווערן זיי מאָגער און דעמלט ווערט זיי קאַלט. דאַן כאַפן זיי זיך אוף און נעמען זיך צו זייערע פאַרגרייטונגען.

פיק איז געשלאָפן רויק: ער האָט דאָך צוויי פולע קע־לערן מיט קערנער.

און ער האָט גאָר ניט געשפירט, וואָס פאַר אַן אומגע־וויכטער אומגליק עס לאָזט זיך אַף אים אַראָפ.

# צווייטער טייל.

## I. אַ שרעקלעכע דערוואַכונג.

אין אַ פֿראָסטיקן ווינטערדיקן פֿאַרנאַכט זײַנען די קינ-
דער געזעסן בײַם וואַרעמען אויוועלע.

— שלעכט איז איצטער די כאַיעלעך.—האָט געזאָגט
דאָס שוועסטערל פֿאַרטראַכטערהייט. געדענקסט דעם קליי-
נינקן פּיק? ווו איז ער עס איצטער?

— ווער ווייס אים?—האָט גלײַכגילטיק געענטפֿערט
דער ברודער—שוין לאַנג, ווײַזט אויס, אַרײַנגעפֿאַלן צו
וועמען ניט איז אין די נעגל אַרײַן.

דאָס מיידעלע האָט גענומען כליפּען.

— וואָס איז?—האָט זיך פֿאַרוווּנדערט דער ברודער.

— אַ ראַכמאָנעס אַף דעם מײַזעלע! עס איז געווען אַזאַ
ווייכינקס, אַ געלינקס...

— געפֿונען אַף וועמען ראַכמאָנעס צו האָבן! איך שטעל
אַוועק אַ פֿאַסטקע—כאַפּ איך דיר אָן הונדערט שטיק אַזוינע.

— איך דאַרף ניט קיין הונדערט,—האָט געכליפּעט דאָס
שוועסטערל—ברענג נאָר מיר נאָר איינס אַזאַ קליינינקס,
אַ געלינקס...

— וואַרט צו, נאָר איינע, ס'קאָן זײַן, אַז אַזאַ וועט זיך
אויך מאַכן,

דאָס מיידעלע האָט אָפּגעווישט די טרערן מיטן פּויסטל.

— נו זע: טאָמער מאַכסט זיך דיר,—טאָ ריר עס ניט אָן שענק אים מיר אַוועק. דו זאָגסט צו?

— נו גוט, קלאָג-מוטער!—האָט מאַסקים געווען דער ברודער.

און אין יענעם אָוונט האָט ער אַוועקגעשטעלט אַ פּאַסט-קע אין אַלקער.

דאָס איז געווען דער אייגענער אָוונט, ווען פּיק האָט זיך אויפגעכאַפּט בײַ זיך אין נאָרעלע.

דאָס מאָל האָט אים אויפגעוועקט ניט דער הונגער. פון שלאָף האָט דאָס מייזעלע דערפילט, ווי עפּעס שווערס האָט אים צוגעדריקט די פּלייצע און טייקעף האָט דער פּראַסט אים גענומען ציפן אונטערן פעלכל.

ווען פּיק האָט זיך שוין אײַנגעאָנצן אויסגעטשוכעט, האָט אים געטרייסלט פון קעלט, ס'האָט אים פונויבן צוגע-דריקט ערד און שניי. דער באַלקן איבער אים איז אײַנ-געפאַלן. דער קאָרידאָר איז געווען פאַרשאָטן.

מע האָט ניט געטאָרט זאַמען קיין מינוט: דער פּראַסט קאָכמעט זיך ניט, מע מוז לויפן אין קעלער אַרײַן און אַף גיך אָנעסן זיך מיט קערנער: אַ זאַטן איז וואַרעמער, אַ זאַטן וועט דער פּראַסט ניט אומברענגען.

דאָס מײַזעלע איז אַרויסגעשפּרונגען אַף אויבן און גע-נומען לויפן איבערן שניי צו די קעלערן, נאָר דער גאַנצער שניי אַרום איז געווען צעגראָבן אין שמאָלע, טיפע גריב-לעך—שפּורן פון ציגענע טלאָען. פּיק איז אַלע ווײַלע אַרײַנ-געפאַלן אין די גריבלעך, אַרויסגעקלעטערט אַרויף און ווידער אַראָפּגעפאַלן אונטן.

און ווען ער האָט זיך דערקליבן צו יענעם אָרט, ווו ס׳זיינען געווען זיינע קעלערן, האָט ער דאָרטן דערזען בלויז אַ גרויסע גרוב. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די ציגן האָבן ניט נאָר כאָרעוו געמאַכט זיין אונטערערדישע וואָי־נונג, נאָר זיי האָבן אויך אויפגעגעסן אַלע זיינע פאַרגריי־טונגען.

פיק דאַרף שטאַרבן פון הונגער, אויב דער פראָסט וועט אים נאָך פריער ניט אומברענגען.

## II. איבער אייז און שניי.

אַביסל קערנער האָט זיך פונדעסטוועגן איינגעגעבן פיקן אויסצוגראָבן פון אַ גרוב. די ציגן האָבן עס מיט זייערע טלאָען אַריינגעטופעט אין שניי.

די שפייז האָט אונטערגעקרעפטיקט דאָס מייזעלע און אים דערוואַרעמט. עס האָט אים ווידער אַרומגעכאַפט אַ פוילע שלעפעריקייט, נאָר ער האָט געפילט, אַז אויב ער וועט זיך אונטערגעבן דעם שלאָף—וועט ער פאַרפראָרן ווערן.

פיק האָט פון זיך אַראָפגעטרייסלט די פוילקייט און גע־נומען לויפן.

וווהין? דאָס האָט ער אַליין ניט געוווסט. גאַנץ איינ־פאַך, ער איז געלאָפן און געלאָפן, וווהין די פיס וועלן אים טראָגן.

ס׳איז שוין צוגעפאַלן די נאַכט און די לעוואָנע איז געשטאַנען הויך אין הימל. דער שניי האָט געלויכטן אַרום מיט דריבנע שטערנדלעך.

דאָס מייזעלע איז דערלאָפן צום ברעג טייך און האָט זיך אָפגעשטעלט. דער ברעג איז געווען אַ שיפועדיקער אונ־

טערן אַראָפּהאַנג איז געלעגן אַ געדיכטער פֿינצטערער שאָטן. און פֿאָרויס האָט געבליצט דער ברייטער אײַזיקער טײַך.

פּיק האָט אומרויִק אַ שמעק געטאָן די לופֿט. ער האָט מוירע געהאַט צו לויפֿן איבערן אײַז. וואָס וועט זײַן, אַז עמיצער וועט אים באַמערקן אין מיטן טײַך? אין שניי קען מען זיך כאָטש פֿאַרגראָבן, אויב עס טרעפֿט אַ געפֿאַר.

אומקערן זיך צוריק—דאָרט איז טויט פֿון הונגער און קעלט. פֿאָרויס קאָן זײַן, איז נאָך ערגעצוו פֿאַראַן עסנ-וואַרג און וואַרעמקייט.

און פּיק איז אַוועקגעלאָפֿן פֿאָרויס. ער האָט זיך אַראָפּ-געלאָזן פֿונם אראָפּהאַנג און פֿאַרוואָרפֿן דעם אינדזל, אַף וועלכן ער האָט אַזוי לאַנג געלעבט רויִק און גליקלעך.

אָבער ביידע אויגן האָבן אים שוין באַמערקט.



ער איז נאָך ניט דערלאָפֿן צום מיטן טײַך, ווי פֿון הינטן האָט אים שוין גענומען אָניאָגן אַ גיכער און שטילער שאָטן. בלויז אַ שאָטן, אַ לײַכטן שאָטן אָפֿן אײַז האָט ער באַמערקט, ווען ער האָט זיך אָפּגעקערט. ער האָט אַפֿילע ניט געוווסט, ווער עס יאָגט זיך נאָך אים.

אומזיסט איז ער צוגעפֿאַלן צו דער ערד מיטן בײַכל, ווי ער פֿלעגט שטענדיק טאָן אין אַ מינוט פֿון געפֿאַר. זײַן טונקעלע פֿעלכל האָט זיך, ווי אַ שאַרפֿער פֿלעק, אויסגע-טיילט אָפֿן פֿינקלענדיקן בלויעלעכן אײַז. און די דורכזיכטיקע טונקלעניש פֿון דער לעוואָנע-נאַכט האָט אים אויך ניט גע-קענט פֿאַרבאָרגן פֿון די בייזע אויגן פֿונם פֿײַנט.

דער שאָטן האָט צוגעדעקט דאָס מײַזעלע. קרומע נעגל האָבן זיך װײטיקדיק אַרײַנגעשטאָכן אין זײַן לײַב. עס האָט אים דערלאַנגט מיט עפּעס אַ שטאַרקן זעץ איבערן קאָפּ.

און פּיק האָט אױפֿגעהערט צו פֿילן.

## III. פֿון אײן אומגליק אין צװײטן.

פּיק האָט זיך אױפֿגעכאַפּט אין אַ שטאָק פֿינצטערניש. ער איז געלעגן אױף עפּעס אַ האַרטע ניט קײן גלײַכע זאַך. דער קאָפּ און די װונדן אױפֿן לײַב האָבן שטאַרק װײ געטאָן. נאָר ס׳איז געװען װאַרעם.

ביז ער האָט אַרומגעלעקט זײַנע װונדן, האָבן זיך זײַנע אױגן ביסלעכװײַז צוגעװאױנט צו דער פֿינצטערניש.



ער האָט דערזען, אַז ער געפֿינט זיך אין אַ געראַמער װאױנונג מיט קײַלעכדיקע װענט, װאָס ציען זיך אַװעק ערגעץ אינדערהױך. קײן באַלקן איז ניט געװען, האָגאָם ערגעץ איבער מײַזעלעס קאָפּ האָט געגלאָצט אַ גרױסע עפֿענונג. אַדורך דערדאָזיקער עפֿענונג האָט אין דער װאױנונג קוים אַרײַנגעדרונגען אַ בלאַסער שײַן פֿון מאָרגן-רױט,

פּיִק האָט אַ קוק געטאָן אַף וואָס ער ליִגט—און איִז טײַקעף אופֿגעשפּרונגען. ער איִז געלעגן, לאָזט זיִך אויס, אַף טויטע מײַז. דאָס זײַנען געווען עטלעכע מײַז און אַלע זײַנען זיי פֿאַרשטאַרט געוואָרן: ווײַזט אויס, זיי זײַנען שוין דאָ לאַנג געלעגן.

דיִ שרעק האָט איִם צוגעגעבן קויכעס. פּיִק האָט אַרופֿגעקלעטערט אַף אַ ניִטגלאַטער גלײַכער וואַנט און אַרויסגעקוקט אַף דרויסן.

אַרום זײַנען געווען נאָר פֿאַרשאָטענע צווײַגן פֿון שניי. אונטן היִנטער זיי האָבן זיִך געזען שפּיִצן פֿון קוסטעס. פּיִק אַליין האָט זיִך געפֿונען און אַרויסגעקוקט פֿון אַן אויסגעהוילטן בוים.

ווער האָט איִם געבראַכט אַהער און אַרײַנגעוואָרפֿן אַפֿן דעק פֿון בוים,—דאָס איִז דאָס מײַזעלע טאַקע קיינמאָל ניִט דערגאַנגען. און עס האָט אויך ניִט געוואָלט ברעכן דעם קאָפּ איִבער דערדאָזיִקער—רעטעניִש, נאָר עס האָט טאַקע פּראָסט געאײַלט וואָס גיִכער אַנטלויפֿן פֿונדאַנען.

דיִ זאַך איִז געווען אַזוי.

אַפֿן אײַז פֿון טײַך האָט איִם דעריאָגט אַן אויערדיִקע וואַלד-סאָווע. זיִ האָט איִם אַ קלאַפּ געטאָן מיִטן שנאָבל איִבערן קאָפּ. אַ כאַפּ געטאָן איִן דיִ נעגל און אַוועקגעטראָגן איִן וואַלד.

צום גליִק איִז דיִ סאָווע געווען גרײַלעך זאַט: זיִ האָט נאָר-וואָס געפֿאַנגען אַ האָז און געפֿרעסן וויִפֿל נאָר ס'איִז אַרײַן. זיִ האָט געהאַט אַף אזויפֿיִל אָנגעשטאָפּט דעם מאָגן, אַז איִן איִם איז ניִט איִבערגעבליִבן קײַן אָרט אַפֿיִלע פֿאַר דעם קליינינקן מײַזעלע. האָט זיִ באַשלאָסן אַוועקלייגן פּיִקן איִן דיִ פֿאַרגרייטונגען.

דיִ סאָווע האָט איִם אַוועקגעטראָגן איִן וואַלד און אַרײַנגעוואָרפן איִנם אויסגעהוילטן בוים, ווו ס׳האָט זיִך געפונען איִן שפייכלער. נאָך איִן האַרבסט האָט זיִ אַהער צונויפגעשלעפט באַ א צענדליִק געהאַרגעטע מײַז. וויִנטער-צײַט איִז שווערער צו באַקומען עסנוואַרג, און אפיִלע אַזוינע פליִנקע נאַכט-גאַזלאָניִם, וויִ דיִ סאָווע, דאַרפן אמאָל צוהונגערן.



פאַרשטייט זיִך, זיִ האָט ניִט געוווסט, אַז דאָס מײַזעלע איִז נאָר פאַרטויבט געוואָרן, א ניִט וואָלט זיִ איִם טייקעף צעבראָכן דעם שאַרבן מיִט איִר שאַרפן שנאָבל. געוואָינטלעך פלעגט זיִך איִר אײַנגעבן פאַרענדיִקן דיִ מײַז שוין מיִט דעם ערשטן קלאַפ.

פיִקן האָט דאָס מאָל זייער אָפּגעגליִקט.

---

פיִק האָט זיִך בעשאָלעם אַראָפּגעלאָזן פון בוים און אַרײַנגעכאַפּט זיִך איִן דיִ קוסטעס. ערשט דאָ האָט ער באַמערקט, אַז ס׳איִז מיִט איִם עפּעס ניִט וויִ געהעריִק:

דער אָטעם איז בײַ אים פֿון האַלדז אַרויסגעגאַנגען מיט אַ פֿײַף.

די ווונדן פֿון דער סאָוועס נעגל זײַנען ניט געווען געפֿערלעך, נאָר עפּעס האָבן זיי דאָך בײַ אים קאַליע געמאַכט אין הערצל, אַזוי אַז נאָך אַ גיכן געלאַף פֿלעגט בײַ אים עפּעס אָנהויבן צו פֿײַפֿן. ווען ער האָט אָפּגערוט און אָנגעהויבן עטעמען פֿרײַ, האָט דער פֿײַף אויפֿגעהערט. דאָס מײַזעלע האָט זיך אָנגעגעסן מיט ביטערער קאָרע פֿון קוסט און איז ווידער געלאָפֿן — וואָס ווײַטער פֿונעם שרעקלעכן אָרט.

דאָס מײַזעלע איז געלאָפֿן און הינטער אים איז אין שניי איבערגעבליבן אַ דינע צווייִקע ווענעלע פֿון זײַנע שפּורן.

און בײַס פּיק איז צוגעלאָפֿן צו אַ פּליין, ווו ס'איז געשטאַנען אַרומגעצאמט אַ הויכע שטוב מיט אַ רויכעדיקן קוימען, איז שוין אַ פֿוקס געפֿאַלן אױף זײַנע שפּורן.

דער כושהאָרייעך בײַם פֿוקס איז געווען זייער אַ גוטער. ער האָט טייקעף דערשפּירט, אַז אַ מײַזעלע איז דאָ נאָרוואָס דורכגעלאָפֿן און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן אים נאָכיאָגן.

זײַן פֿײַערדיק-געלער עק האָט אַזוי אַ פּינקל געטאָן צווישן די קוסטעס און, פֿאַרשטייט זיך, אַז ער איז געלאָפֿן אַסאַך גיכער פֿאַר דעם מײַזעלע...

## IV. דער נעבעך־קלעזמער.

פּיק האָט ניט געוווּסט, אַז דער פֿוקס לויפֿט נאָך זײַנע פֿוס-טריט. דעריבער, ווען צוויי מוירעדיקע הינט, זײַנען אַרויסגעשפּרונגען מיט אַ בילערײַ פֿון שטוב און געטאָן

זיך צו אים אַ וואָרף, האָט ער באַשלאָסן, אַז דאָ איז שוין אָנגעקומען זײַן סאָף.

נאָר די הינט, פֿאַרשטייט זיך, האָבן אים אַפֿילו ניט באַמערקט. זיי האָבן דערזען דעם פֿוקס, וואָס איז נאָך אים ארויסגעשפּרונגען אין די קוסטעס, און האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אים.

דער פֿוקס האָט גלײַך אַ קער געטאָן אַף צוריק. זײַן פֿײַערדיקער עק האָט זיך צום לעצטן מאָל באַוויזן און איז פֿאַרשוווּנדן אין וואַלד. די הינט האָבן זיך אַדורכגעטראָגן מיט גרויסע שפּרונגען איבער דעם מײַזעלעס קאָפּ און זײַנען אויך פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אין די קוסטעס.

פּיק האָט זיך אָן קײַנע מאָיסעס דערקליבן ביז צום שטוב און האָט זיך דאָרטן אַרײַנגעכאַפּט אונטער דער פּאָדלאָגע.

דאָס ערשטע, וואָס פּיק האָט באַמערקט אונטער דער פּאָדלאָגע, איז געווען דער שטאַרקער געריך פֿון מײַז.

יעדער מין כאַיע האָט זײַן רייעך, און מײַז דערקענען איינע די אַנדערע לויטן רייעך. אַזוי גוט, ווי מיר דערקענען מענטשן לויט זייער אויסזען.

דעריבער האָט פּיק טייקעף דערקענט, אַז דאָ וואָינען מײַז ניט פֿון זײַן מין. נאָר דאָך זײַנען עס געווען מײַז. און פּיק איז געווען אַ מײַזעלע. ער האָט זיך אויך דערפֿרייט מיט זיי, ווי ראָבינזאָן האָט זיך דערפֿרייט מיט מענטשן, ווען ער האָט זיך אומגעקערט צו זיי פֿון זײַן ניט-באַוואָינטן אינדזל.

גלײַך איז פּיק אַוועקגעלאָפֿן אויפֿזוכן די מײַז, נאָר געפֿינען די מײַז איז געווען ניט אַזוי לײַכט. די מײַזישע שפּורן און זייער רייעך זײַנען געווען אומעטום, אָבער די מײַז אַליין האָט מען אין ערגעץ ניט געזען.

אויבן אין דער פֿאָדלאָגע זײַנען געװען אויסגעגריזשעט לעכלעך. פּיק האָט אַ טראַכט געטאָן, אַז די מײַז װאָינען עפּשער אויבן. ער האָט אַרופֿגעקלעטערט אַפֿן װאַנט, דורכגעקראָכן דורכן לעכל און האָט זיך אַרײַנגעפּאַקט אין אַן אַלקער.

אַפֿן דיל זײַנען געשטאַנען גרויסע, פֿול אָנגעשאָטענע זעק. אײנער פֿון זײ איז געװען אונטן אויסגעגריזשעט, און גרויפּן האָט זיך פֿון אים אַרויסגעשאָטן אַפֿן דיל.

און באַ די װענט פֿון אַלקער זײַנען געשטאַנע פּאָליצעס. פֿון דאָרטן האָבן זיך געטראָגן פֿאַרשײדענע װוּנדערלעכע געשמאַקע רײכעס. עס האָט געשמעקט מיט גערויכערטע, געטריקנטע, געבראָטענע זאַכן און מיט נאָך עפּעס גרײלעכע זיסקײַטן.

דאָס הונגעריקע מײַזל האָט זיך זשעדנע אַ װאָרף געטאָן צום עסן. נאָך דער ביטערער קאָרע זײַנען די גרויפּן געװען אַזוי געשמאַק, אַז ער האָט זיך אָנגעגעסן ביזן האַלדז. ער האָט זיך אַזוי אָנגעגעסן, אַז ס'איז אים געװאָרן שװער צו עטעמען.

און דאָ האָט באַ אים װידער אָנגעהויבן אין האַלדז צו פּײַפּן און צו זינגען.

דערװײַל האָט זיך פֿון לעכל אין דער פֿאָדלאָגע אַרויסגערוקט אַ האָריקער שאַרפֿער שנוקל. בײזע אויגעלעך האָבן א בליק געטאָן אין דער טונקלעניש, און אין אַלקער איז אַרײַנגעשפּרונגען אַ היפּשע גרויע מויז, און הינטער איר נאָך פֿיר אַזױנע.

זײ האָבן אויסגעזען אַזוי בײז, אַז פּיק האָט ניט געקענט פֿויעלן באַ זיך צו לויפֿן זײ אַנטקעגן. ער האָט זיך ניט זיכער געדרײט אַף אַן אָרט, און פֿון אופּרעגונג האָט ער גענומען פּײַפּן אַלץ העכער און העכער.

די גרויע מײַז איז ניט געפֿעלן געוואָרן דערדאָזיקער פֿײַף. פֿונוואַנען האָט זיך עס גענומען אַהער דאָסדאָזיקע מײַזעלע-קלעזמער? די גרויע מײַז האָבן געהאַלטן, אַז דאָס אַלקערל געהערט צו זיי. זיי פֿלעגן אַמאָל אַרײַנעמען צו זיך אונטער דער פּאָדלאָגע ווילדע מײַז, וואָס פֿלעגן קומען צולויפֿן פֿון וואַלד, נאָר אַזוינע פֿײַפֿער האָבן זיי נאָך קיינמאָל ניט געזען.

איינע פֿון די מײַז האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אַף פּיקן און האָט אים שטאַרק אײַנגעביסן אין פּלייצע. נאָך איר זײַנען אָנגעלאָפֿן די איבעריקע.

פּיק האָט קוים-קוים באַוויזן אַרײַנצוקריכן אין אַ לעכעלע אַהינטער עפּעס אַ קעסטל.

דאָס לעכל איז געווען אזוי שמאָל, אַז די גרויע מײַז האָבן אַהין ניט געקענט צוקומען. דאָ איז ער געווען אויסער יעדער געפֿאַר.

נאָר אים איז געווען זייער ביטער, וואָס זײַנע גרויע קרויווים האָבן אים ניט געוואָלט אַרײַנעמען צו זיך אין דער מישפּאָכע אַרײַן.

## V. אַ פּאַסטקע.

יעדן פֿרימאָרגן פֿלעגט דאָס שוועסטערל פֿרעגן באַם ברודער:

— נו וואָס, געכאַפּט אַ מײַזעלע?

דער ברודער פֿלעגט איר באַווײַזן די מײַז, וואָס פֿלעגן אַרײַנפֿאַלן צו אים אין פּאַסטקע.

נאָר דאָס זײַנען אַלץ געווען גרויע מײַז און דעם מיידעלע זײַנען זיי ניט געפֿעלן געוואָרן, זי האָט אַפֿילע אַביסל

מוירע געהאַט פֿאַר זיי. זי האָט אומבאַדינגט געוואָלט האָבן אַ קלייניקס געל מײַזעלע.

— לאָז זיי אָפּ—האָט זי טרויעריק געזאָגט—די זײַנען ניט קײַן גוטע...

דער ברודער פֿלעגט אַוועקטראָגן די געכאַפּטע מײַז און—באַהאַלטענערהייט פֿונם שוועסטערל—פֿלעגט ער זיי דערטרינקען אין אַן עמער וואַסער.

לעצטנס פֿלעגן די מײַז אינגאַנצן ניט אַרײַנפֿאַלן אין פּאַסטקע. און וווּנדערלעכער פֿאַר אַלץ איז געווען דאָס, וואָס דעם לאָק-מיטל פֿלעגט עמיצער יעדע נאַכט אויפֿעסן.

אינאָוונט פֿלעגט דאָס ייִנגל אָנשטעקן אַ שטיקל שמע-קעדיקע געריכערטע כאַזער-פֿעטס אַפֿן העקל און אָנשטעלן דאָס שטײַפֿע טירל פֿון דער פּאַסטקע, און אינדערפֿרי פֿלעגט ער קומען—אַפֿן העקל איז גאָרניש ניטאָ און דאָס טירל איז פֿאַרהאַקט.

ער האָט שוין עטלעכע מאָל באַקוקט די פּאַסטקע: צי איז ניטאָ ערגעץ אַ לעכל? נאָר קײַן גרויסע לעכעלעך דורך וועלכע ס'זאָל קענען דורכקריכן אַ מויז, זײַנען אין פּאַסטקע ניט געווען.

אַזוי איז אַוועק אַ גאַנצע וואָך און, דער ייִנגל האָט בעשום-אויפֿן ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, ווער גאַנוועט עס בײַ אים צו די לאָק-מיטלען.

און אָט אַפֿן אַכטן טאָג אינדערפֿרי איז דער ייִנגל גע-קומען צולויפֿן פֿון אַלקער און אין טיר נאָך האָט ער אויסגעשריען:

— געכאַפּט! קוק זיך אײַן, אַ געלינקע!

אַ געלינקער, אַ געלינקער!—האָט זיך נעפֿרייט דאָס שוועסטערל—אָבער זע, דאָס איז דאָך אונדזער פּיק. בײַ

אים איז דאָס אויערל אויך צושניטן. געדענקסט, דו האָסט אים דעמלט מיטן מעסערל...

לויף אַף גיך נאָך מילך און איך וועל זיך דערווײַל אָנטאָן.

זי איז נאָך געלעגן אין בעט.

דער ברודער איז אַוועקגעלאָפן אין צווייטן צימער, און זי האָט אַוועקגעשטעלט די פּאַסטקע אַף דרערד, אַרויס־געשפּרונגען פון אונטערן קאָלדרע און גענומען שנעל אַרופ־וואַרפן אַף זיך די קליידער.

נאָר ווען זי האָט ווידער אַ קוק געטאָן אַף דער פּאַסטקע, איז שוין דאָרט דאָס מײַזעלע ניט געווען.

פּיק האָט זיך שוין פון לאַנג אויסגעלערנט ווי אַזוי צו אַנטלויפן פון דער פּאַסטקע. דאָרטן איז איין דראָט געווען אַביסל אָפּגעבויגן. די גרויע מײַז פלעגן ניט קענען דורכ־שטופּן זיך אַדורך אָט דער עפענונג, אָבער ער פלעגט דורכגיין פרײַ.



ער פלעגט אַרײַנקומען אין דער פּאַסטקע דורך דעם אָפענעם טירל און גלײַך אַ צי טאָן פאַר דעם לאָק־מיטל: דאָס טירל פאַרהאַקט זיך מיט אַ ראַש, נאָר ער קומט גיך צו זיך פון דער שרעק און נעמט זיך רויק עסן דעם לאָק־מיטל. און דערנאָך גייט ער זיך אַרויס דורך דער עפענונג.

די לעצטע נאַכט האָט דער יינגל צופעליק אַוועקגע-שטעלט די פּאַסטקע באַם סאמע וואַנט און פונקט מיט דער זייט, ווו ס'איז געווען די עפענונג, און פּיק איז אַרײַנגעפאַלן.

און ווען דאָס מיידעלע האָט אַוועקגעשטעלט די פּאַסטקע אינמיטן צימער, איז ער אַרויסגעשפּרונגען און האָט זיך באַהאַלטן אַ הינטער אַ גרויסן קאַסטן.

## VI. מוזיק.

דער ברודער האָט געטראָפן דער שוועסטער אין טרערן

— ער איז אַנטלאָפן!—האָט זי געזאָגט דורך טרערן—ער וויל באַ מיר ניט זײַן. דער ברודער האָט אַוועקגע-שטעלט דאָס טעצל מיט די מילך אָפן טיש און גענומען זי טרייסטן.

— האָסט זיך צעפלאָנכעט! אָט וועל איך אים באַלד אָנכאַפּן אין אַ שטיוול.

— וואָס הייסט—אין אַ שטיוול?—האָט זיך פאַרוואונדערט דאָס מיידעלע.

— גאַנץ איינפאַך!—איך נעם אַראָפּ אַ שטיוול און לייג אים אַוועק מיט דער כאָלעווע צו דער וואַנט, און דו יאָגסט דאָס מײַזעלע. ער לויפט פּאַזע וואַנט—אַלע מאָל לויפן זיי פּאַזע וואַנט—ער דערזעט אַ טיכל אין דער כאָלעווע, מיינט ער, אַז ס'איז אַ נאָרעלע,—און טוז אַהין! און דאָ כאַפּ איך אים שוין אָן, אין שטיוול הייסט עס, דאָס שוועסטערל האָט אויפגעהערט וויינען.

— ווייסטו וואָס?—האָט זי געזאָגט פאַרטראַכטערהייט—מען דאַרף אים ניט כאַפּן. זאָל ער וואוינען באַ אונדז אין צימער. קיין קאַץ איז באַ אונדז ניטאָ, וועט אים קיינער

נישט שלעכטס טאָן. און מילך וועל איך פֿאַר אים אַוועקשטעלן אָטאָ דאָ, אַפֿן דיל.

— אַלע מאָל טראַכסטו עפּעס אויס! — האָט אומצופֿרידן געזאָגט דער ברודער. — ס'איז נישט מײַן אײַטעק! דאָסדאָזיקע מײַזעלע האָב איך דיר אַוועקגעשענקט, טו מיט אים, וואָס דו ווילסט.

דאָס מיידעלע האָט אַוועקגעשטעלט דאָס טעצל אַף דער פּאָדלאָגע, אָנגעבראָקלט אין אים ברויט. אַליין האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אָן אַ זײַט און גענומען וואַרטן, ווען דאָס מײַזעלע וועט אַרויסגיין.

נאָר דאָס מײַזעלע איז שוין אַזוי אויך נישט אַרויסגעגאַנגען ביז באַנאַכט. די קינדער האָבן שוין אַפֿילע באַשלאָסן, אַז עס איז אַנטלאָפֿן פֿון צימער.

אינדערפֿרי האָבן זיי דאָך געפֿונען די מילך אויסגעטרונקען, און דעם ברויט אופֿגעגעסן.

— ווי־זשע זאָל איך אים צוגעוואָינען? — האָט געטראַכט דאָס מיידעלע.

פּיקן האָט זיך איצטער געלעבט זייער גוט. ער האָט איצטער שטענדיק געהאַט עסן צו זאַט, די גרויע מײַז זײַנען אין צימער נישט געווען און אים האָט קיינער נישט אָנגערירט.

ער האָט צונויפֿגעשלעפּט הינטערן קאַסטן שמאַטקעלעך מיט פּאַפּירלעך און האָט דאָרטן אײַנגעאָרדנט פֿאַר זיך אַ נעסט. פֿאַר די מענטשן האָט ער זיך געהיט און פֿלעגט אַרויסגיין פֿון הינטערן קאַסטן בלויז באַנאַכט, ווען די קינדער פֿלעגן שלאָפֿן. נאָר אַמאָל באַטאָג האָט ער דערהערט שיינע מוזיק.

עמיצער האָט געשפּילט אַף אַ פֿײַפֿעלע. די שטים פֿון דעם פֿײַפֿעלע איז געווען דין און זייער טרויעריק. און ווי-

דער פונקט ווי דעמלט, ווען פּיק האָט דערהערט דעם גאַנ-צען-סאָלאָוויי, דעם ווערגער, האָט דאָס מײַזעלע אויך איצ-טער ניט געקענט בײַשטיין דעם ניסאָיען און געמוזט צו-הערן די מוזיק פון דער נאָענט.

ער איז אַרויסגעקראָכן פון הינטערן קאַסטן און האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף דער פאָדלאָגע אינמיטן צימער.

אָפן פּײַפּעלע האָט געשפּילט דער ברודער. דאָס מײַ-זעלע איז געזעסן לעבן אים און געהערט. זי האָט די ער-שטע באַמערקט דאָס מײַזעלע.

אירע אויגן זײַנען מיטאַמאָל געוואָרן גרויס און טונקל. זי האָט שטילערהייט אַ שטויס געטאָן דעם ברודער מיטן אָרעם און אַ שעפּטשע געטאָן:

— ריר זיך ניט!... זעסט. פּיק איז אַרויסגעגאַנגען. שפּיל, שפּיל! ער וויל הערן.

דער ברודער האָט ווײַטער געשפּילט. די קינדער זײַנען געזעסן רויק, מוירע געהאַט אַ ריר צו טאָן זיך.

דאָס מײַזעלע האָט געהערט דאָס טרויעריקע לידל פון דעם פּײַפּעלע און ווי ער וואָלט אינגאַנצן פאַרגעסן אָן דער געפאַר. ער איז אָפילע צוגעגאַנגען צום טעצל און גענומען לעקן די מילך, פונקט ווי אין צימער וואָלט קיינער ניט געווען. און באַלד האָט ער זיך אַזוי אָנגעלעקט, אַז ער האָט אַליין גענומען פּײַפן.

די אויגן באַ דעם מײַזעלע זײַנען געוואָרן נאָך טונקע-לער און גרעסער.

— דו הערסט?—האָט זי שטילינקערהייט געזאָגט צום ברודער—עס זינגט!

פּיק איז געקומען צו זיך ערשט דעמלט. ווען דער יינגל האָט אַראָפּגעלאָזן דאָס פּײַפּעלע און ער איז באַלד טאַקע אַנטלאָפן הינטערן קאַסטן.

נאָר איצטער האָבן שוין די קינדער געוווּסט ווי אַזוי צו צוגעוואוינען דאָס ווילדע מייזעלע. זיי פלעגן שטילינקערהייט נעמען פייפן אַף דעם פייפעלע. פּיק פלעגט אַרויסגיין אינמיטן צימער, אַוועקזעצן זיך און הערן.

און ווען ער פלעגט אַליין אָנהויבן פייפן, פלעגט שוין דעמלט זיין דער עמעסער קאָנצערט.

## VII. אַ גוטער סאָף.

אינגיכן האָט זיך דאָס מייזעלע אַזוי צוגעוואוינט צו די קינדער, אַז ער האָט אינגאַנצן אויפגעהערט מוירע צו האָבן פאַר זיי. ער האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין אָן מוזיק אויך. דאָס מיידעלע האָט אים אַפילע צוגעוואוינט צו נעמען ברויט באַ איר פון האַנט.

זי פלעגט זיך אַוועקזעצן אַף דער ערד און ער פלעגט קלעטערן צו איר אַף די קני.

די קינדער האָבן פאַר אים געמאַכט אַ קליין הילצערן הייזל מיט אָנגעצייכנטע פענצטער און מיט עמעסע טירן.

אין אָט דעם הייזל האָט ער געוואוינט באַ זיי אַפן טיש.

און אַז ער פלעגט אַרויסגיין שפּאַצירן, פלעגט ער לויט דער אַלטער געוואוינהייט פאַרשטאָפן די טיר מיט אַלץ, וואָס ס'האָט זיך אים געמאַכט אונטער דער האַנט: אַ טיכעלע, צעקנייטשטע פאַפיר, וואַטע.

אַפילע דער יינגל, וואָס האָט אַזוי ניט ליב געהאַט קיין מייז, האָט זיך אויך שטאַרק צוגעבונדן צו פּיקן. מער פון אַלץ איז אים געפעלן געוואָרן, וואָס דאָס מייזעלע עסט און וואַשט זיך אַרום מיט די פאָדערשטע לאַפּקעס, ווי מיט הענט.

און דאָס שוועסטערל האָט זייער ליב געהאַט צו הערן זײַן דינינקן, דינינקן פײַף.

— ער זינגט פײַן—האָט זי געזאָגט צום ברודער—ער האָט זייער ליב מוזיק.



און איר איז גאָר אין קאָפּ ניט אײַנגעפאַלן, אַז דאָס מײַזעלע זינגט גאָר ניט צוליב זײַן אייגענעם פאַרגעניגן. זי האָט דאָך ניט געוווסט, וואָס פאַר אַ געפאַרן עס איז אויסגעשטאַנען דער קלייניקער פּיק און וואָס פאַר אַ שווערן וועג ער האָט דורכגעמאַכט, איידער ער איז אַרײַנגעפאַלן צו איר.

און ס'איז גוט, וואָס עס האָט זיך אַזוי גוט געענדיקט.

---

# אינהאַלט.

## ערשטער טייל



## צווייטער טייל



---